פארלאַג „די נייע יידישע פאלקסשול״
סעריע „קינדערליטעראַטור״ № 8.

# די אֶמֶתֶע כַּלֶה

(אַ מעשהלע פאַר קלענערע קינדער)

באַארבעט לויט בר. גרים

פון ש. באסטאמסקי.





ווילנע

דרוקעריי ברידער ראָזענטאַל, רודניצקער 7.
1920




1.

א מאָל איז געווען אַ מיידעלע, אַ זעלטענע פאַרשיין. איז ביי איר נעבאַך געשטאָרבן די מוטער און זי האָט געמוזט אָנ־קומען צו אַ שטיפמוטער. די שטיפמוטער איז געווען אַ גרויסע שלעכטס און האָט דעם קינד שטאַרק געפייניקט. די אָרימע יתומה איז געווען אַ שטיל און געהאָרכזאַם קינד. קיין אַרבעט איז פאַר איר ניט צו שווער געווען. זי האָט געהאָרעוועט איבער די כוחות, געוואָלט צופרידן שטעלן די בייזע שטיפמוטער. פאַר יענער איז אָבער אַלץ געווען ווייניק.

איינמאָל רופט זיך אָפּ די שטיפמוטער צום מיידל אַזוי:

— הער נאָר, דו! אָט איז אַ פוד פעדערן, נעם און צעפּליק דאָס מיר ביז פאַרנאַכט! אָבער געדענק, היינט מוז דאָס מיר פאַרטיק ווערן! אַניט זאָל זיך דאָ בעסער דיין פוס ניט געפינען!..

דאָס מיידל האָט זיך גלייך גענומען צו דער אַרבעט. זי האָט אָבער גוט פאַרשטאַנען, אַז אַזאַ אַרבעט קען בשום אופן אין אַ טאָג ניט געמאַכט ווערן. טרערן האָבן זיך איר געשטעלט אין די אויגן, אָבער העלפן האָט זי זיך ניט געקאָנט... זיצט זי זיך נעבאַך אַזוי אַ פאַראומערטע איבער די פעדערן, פליקט אָן אַ הויפן, לייגט אַוועק לעבן זיך און לאָזט דערביי אַרויס אַ טיפן זיפץ... פון גרויס צער גיט זי אָפטמאָל אַ מאַך מיט די הענט און דערווייל צעפליען זיך

די פעדערן אין אַלע זייטן און זי מוז גיין זיי צונויפקלייבן, ווידער אָנהייבן פון דאָס ניי...

— רבונו של עולם!—האָט זיך ביי איר סוף כָּל סוף אַרויסגעריסן אַ געשריי — צי דען וועט זיך דאָס ניט געפינען קיין מענטש, וואָס זאָל צוזען מיין צַער?...

און זי האָט זיך אָנגעשפאַרט מיט די עלנבויגנס אָן טיש, האָט פאַרשטעלט מיט די הענט דעם פּנים און ביטער, ביטער זיך פונאַנדערגעוויינט...

## 2.

פלוצלונג האָט זי דערהערט אַ שטילע שטימע:

— וויין ניט, מיין קינד, קלעם זיך ניט, איך בין געקומען דיר באַהילפיק צו זיין!...

דאָס מיידל האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און האָט דערזען לעבן זיך אַן אַלטיטשקע.

-- זאָג מיר, טייערינקע, וואָס איז דיר?—האָט די באָבע געפרעגט?

דאָס מיידל האָט אויסגעזאָגט פאַר דער באָבען דאָס ביטער האַרץ, האָט איר דערציילט וועגן טרויעריקן לעבן, וועגן דער שווערער אַרבעט, וואָס מ'האָט אויף איר אַרויפגעוואָרפן.

„ביז פאַרנאַכט מוז דאָס פאַרטיק ווערן, אַניט וועט זי מיר עסן ניט געבן, אויף דער שוועל ניט אַרויפלאָזן"...

און זי האָט זיך ווידער פונאַנדערגעוויינט.

די אַלטיטשקע האָט אָבער צו איר אַזוי געזאָגט:

-- וויין ניט, ליבינקע, עס וועט גוט זיין! דו, מיין קינד, לייג זיך איצט אָפּרוען און איך וועל שוין דיין אַרבעט פאַרענדיקן!

דאָס מיידל האָט זיך צוגעלייגט און איז האַרט אַנטשלאָפן געוואָרן.

דאַן האָט זיך די אַלטיטשקע געזעצט צום טיש און גענומען פליקן די פעדערן. די אַרבעט האָט געברענט ביי איר אונטער די הענט. ווי נאָר די פינגער אירע פלעגן זיך צורירן צו אַ פעדער, פלעגן שוין גלייך די שטעקעלאַך פליען אין איין זייט און דער פוך אין דער אַנדערער.

אַז דאָס מיידל האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט זי געפונען אויפן טיש פּאַרטיקע שניי=ווייסע קופּקעס פוך. די שטוב איז געווען אויסגעקערט, אויפגעראַמט. די אַלטיטשקע אַליין איז שוין ניט געווען.

דאָס מיידל האָט ניט געוואוסט וואָס צו טאָן פאַר שימחה.

אין אָוונט איז אַריינגעקומען די שטיפמוטער. דערזען, אַז די גאַנצע אַרבעט איז פאַרענדיקט, האָט זי זיך שטאַרק געוואונדערט. זי האָט אָבער גלייך ווידער אָנגעהויבן זיך צו בייזערן אויף דער שטיפטאָכטער.

— זעסט, וואָס מ'קען אויפטאָן, אַז מ'וויל נאָר, האַ? וואָס זיצסטו מיט פאַרלייגטע הענט? וואָס נעמסטו זיך ניט צו קיין אַנדער אַרבעט?

און אַוועקגייענדיק האָט זי פאַר זיך געברומט: „אומזיסטע ברויט וועט זי ביי מיר ניט עסן די כּל=בוניצע!... וואַרט, ס'איז נאָך גאָרניט! איך וועל דיר פאַרגעבן נאָך אַ שווערערע אַרבעט!"...

## .3

אויף מאָרגן אינדערפרי רופט זי צו דאָס מיידל און זאָגט צו איר אַזוי:

— הער, דו! נאַ דיר אַ לעפל און שעפּ מיר אויס ביז אַ קאַפּ דאָס וואַסער פון סאַזשלקע! און געדענק—ביז נאַכט. זאָל דאָס מיר ווערן! אַ ניט זאָלסטו זיך אויף קיין גוטס ניט ריכטן...!

נעמט דאָס מיידל דעם לעפל, זי גיט אַ קוק — ער איז מיט אַ לעכל...

איז זי שוין אויף דעם מוחל, אָבער קען מען דען אויס־שעפּן מיט אַ לעפל אַ סאַזשלקע וואַסער?... נאָר זי האָט זיך גלייך גענומען צו דער אַרבעט, געשטעלט זיך אויף די קני און אָנגעהויבן שעפּן אַ לעפל נאָך אַ לעפל. זי שעפּט און טרערן גיסן זיך אין טייך אַריין... די גוטע באָבע איז אָבער ווידער געקומען צו איר.

— קלעם זיך ניט, מיין קינד! עס וועט גוט זיין! — האָט זי צו איר געזאָגט — גיי לייג זיך צו אויפן גראָז און שלאָף איין אַ ביסל, איך וועל שוין דיין אַרבעט אָפּטאָן!

דאָס מיידל איז אַוועק און די אַלטיטשקע איז געבליבן אַליין.

זי האָט זיך נאָר צוגערירט צום וואַסער — און די סאַזשלקע איז תּיכּף אויסגעטריקנט געוואָרן...

אַז דאָס מיידל האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט זי שוין קיין סאַזשלקע ניט געפונען. אויפן דעק אין גראָז האָבן זיך נאָך גע־וואָרפן און געצאַפּלט די פיש...

מָלא שימחה איז זי אַוועקגעלאָפן צו דער שטיפמוטער און אָנגעזאָגט איר, אַז די אַרבעט איז פאַרענדיקט. זי האָט אָבער ווידער געהאַט אַ בייזע באַגעגעניש.

— וואָס עפעס אַזוי שפּעט? שוין לאַנג צייט געווען צו פאַר־ענדיקן!... האָט די שטיפמוטער גענומען שרייען אויף איר און בשעת מעשה שוין געטראַכט וועגן אַ נייער שווערער אַרבעט פאַר דער שטיפטאָכטער.

.4

אויפן דריטן טאָג האָט זי ווידער פאַררופן צו זיך דאָס מיידל און צו איר אַזוי געזאָגט:

— גיי אַריבער אַהין אין טאָל און בוי דאָרט אויס פאַר מיר אַ פּאַלאַץ! און געדענק — ביז אין אָוונט מוז דער פּאַלאַץ באַשאַפן ווערן!...

דאָס מיידל איז אַ פּאַרציטערטע געוואָרן.

— גוואַלד, ווי קען איך דאָס אויספירן אַזאַ שווערע אַרבעט?— האָט זי זיך געפּרווווט אָפּזאָגן.

שווייַגן! — האָט אַ געשריי געטאָן די שטיפמוטער — האָסט נאָך אַ העָזה צו ריידן מיר אַנטקעגן? היינט וויל איך זיך אַהין אַריבערקלייבן!... און זאָל מיר עפּעס פעלן אין קעלער אַפילו אָדער אין קיך, וועסטו זיך שוין פון מיר ניט נאַרן!...

און זי האָט די שטיפטאָכטער אַרויסגעטריבן. דאָס מיידל איז אַוועק אין טאָל. געקימען, קוקט זי זיך אַרום און זעט: שטיינער אויף שטיינער אָנגעוואָרפן... זי פּרוווט אַ רוק טאָן דעם קלענסטן פון זיי — ניט פון אָרט!

זעצט זי זיך אויף אַ שטיין און וויינט זיך ביטער פונאַנדער. אין האָפענונג נאָר האָט זי — די אַלטיטשקע זאָל איר קומען צו הילף. און באַלד איז טאַקע די באָבע געקומען.

— זאָרג ניט, מיין קינד, — האָט זי איר געגומען טרייסטן — עס וועט גוט זיין!... גיי שפּאַר זיך צו אַ ווייַלע אין שאָטן און חער אַנטשלאָפן. איך וועל שוין פאַר דיר דעם פּאַלאַץ אויסבויען!...

דאָס מיידל האָט זיך צוגעלייגט און די אַלטע האָט זיך גענומען צו דער אַרבעט.

ווי נאָר זי האָט זיך צוגערירט צו די שטיינער, אַזוי האָבן זיי זיך אַליין גענומען הייבן און שפּאַלטן, רוקן זיך און צונויפלייגן. און אין קורצע ווייַלע זיינען אויגעוואַקסן פיר גלייכע ווענט. גרויסע זיילן האָבן זיך אַליין אויפגעהויבן און אויסגעשטעלט

אין גלייכע רייען. די ערד האָט געציטערט. עס האָט זיך געדאַכט, אַז ריזן אַרבעטן דאָ.

אין אָוונט איז שוין דער פּאַלאַץ אינגאַנצן פאַרטיק געוואָרן פון דרויסן און פון אינעווייניק. אַלע ווענט זיינען געווען באַצויגן מיט סאַמעט און מיט זיידנס. די זאַלן—אויסגעפּוצט אויפן שענסטן אַרט. די טישן—פון בעסטן מאַרמאָר, די שטולן—באַצירט מיט די טייערסטע האַפּט. פון די באַלקנס זיינען אַראָפּגעהאַנגען קריסטאָלענע הענג־לייכטער, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אין די גלאַנציקע געוועקסענע דילן. אין גאָלדענע שטייגן זיינען געהאַנגען גרינע פּאָפּוגאַיען און פאַרשיידענע אַנדערע זעלטענע פייגלען.

אויף אַלץ איז געלעגן אַ פּראַכט און אַ גלאַנץ. ס׳האָט גע־לויכטן און געפינקלט אין אַלע ווינקעלאַך.

.5

אַז דאָס מיידל האָט זיך אויפגעכאַפּט, איז נאָרוואָס פאַר־גאַנגען די זון. אַ בלאַסק פון טויזנטער פייערן האָט איר פאַרבלענדט די אויגן.

זי איז צוגעגאַנגען צום פּאַלאַץ. דער טויער האָט זיך פאַר איר ברייט פונאַנדערגעעפנט און זי איז אַריין. די טרעפּ זיינען געווען אויסגעבעט מיט רויטן געוואַנט, די גאָלדערנע פאַרענצן — באַפּוצט מיט די שענסטע בלומען.

אַ פאַרוואונדערטע איז זי געשטאַנען אין דעם שענסטן זאַל און זיך פון אָרט נישט געקענט רירן.

זי האָט זיך אָבער באַלד דערמאָנט אָן דער שטיפמוטער. „ווי גוט עס וואָלט געווען—ווען זי וואָלט זיך שוין כאָטש איין

מאָל פאַר אַלע מאָל צופרידן געשטעלט און אויפהערן מיך צו מאַטערן !"...—האָט דאָס מיידל געטראַכט.

און זי איז אַוועק צו דער שטיפמוטער אָנזאָגן איר, אַז דער פּאַלאַץ איז פאַרטיק.

באַלד איז די שטיפמוטער געקומען אָנקוקן דעם פאַלאַץ.

אַז זי איז אַ הין אַריין, האָט זי געמוזט פאַרשטעלן די אויגן מיט דער האַנט — אַזוי האָט איר פאַרבלענדט דער שיין און די ליכט.

— זעסט, ווי לייכט עס גיט זיך דיר איין אַלץ צו מאַכן, — האָט זי געזאָגט צו דער שטיפטאָכטער—מ׳האָט דיר געדאַרפט פאַרגעבן נאָך אַ שווערערע אַרבעט!

און זי האָט זיך אַוועקגעלאָזן איבער אַלע צימערן, באַקוקט יעדן ווינקעלע, געזוכט אויף אַלץ עפּעס אַ פּגימה. זי האָט אָבער קיין זאַך ניט געפונען.

— איצטער וועלן מיר אַקאָרשט אַראָפּגיין אין קיך און אין קעלער, זען צי דאָרטן איז אַלץ אין אָרדענונג! — האָט זי געזאָגט און דורכגעשטאָכן דאָס מיידל מיט די אויגן:

— זאָל מיר אַקאָרשט דאָרט עפּעס פעלן, וועסטו זיך שוין פון מיר ניט נאַרן!...

נאָר אין קיך איז אויך געווען די בעסטע אָרדענונג. אין אויוון האָט געפלאַקערט אַ פייער, דאָס עסן האָט זיך געקאָכט, די פּאָליצע מיט די קופּערנע כלים האָט געבלאַנקט... אַפילו די קאָטשערע און דאָס קערבעלע מיט די קוילן — אַלץ איז געווען אויף אַן אָרט.

— וואו גייט מען אַראָפּ אין קעלער?—האָט זי זיך פאָרט ניט באַרואיקט. — זאָלן מיר אָקאָרשט דאָרט די פעסער ניט זיין פול מיט ווייַן!...

און זי האָט אויפגעהויבן די טיר פון קעלער, געשטעלט אַ

טריט כדי זיך אַהין אַראָפּצולאָזן. די שווערע טיר האָט זיך אָבער פלוצלונג אַראָפּגעלאָזן און פאַרהאַקט.

דאָס מיידל האָט דערהערט אַ שרעקלאַכן געשריי. זי האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויפהייבן די טיר, געוואָלט ראַטעווען די שטיפמוטער. יענע איז שוין אָבער געלעגן אונטן אַ טויטע...

פון יענסטמאָל אָן האָט דער פּאַלאַץ געהערט צו דעם מיידל. זי איז מיטאַמאָל געוואָרן אַזוי רייך, אַז ס׳איז גאָר שווער געווען צו געפינען איר גלייכן. אין די אַלמערס זיינען געהאַנגען די טייערסטע קליידער, די קאַסטנס זיינען פול געווען מיט האָב און גוטס, מיט גאָלד און מיט זילבער, מיט דימענטן און מיט בריליאַנטן...

6.

די רייכקייט און די שיינקייט פון דעם מיידל איז באַלד באַוואוסט געוואָרן אין אַ סך לענדער אַרום און אַרום. די רייכסטע פּריצים און די גרעסטע מאַגנאַטן האָבן אָנגעהויבן צו קומען צו איר, געוואָלט מיט איר חתונה האָבן. זי האָט אָבער לאַנג געבראַ־קירט, געפונען אויף אַלעמען חסרונות, ביז וואַנען אַ יונגער פּרינץ איז איר געפעלן געוואָרן און ער איז געוואָרן איר חתן.

אין סאָד פון פּאַלאַץ איז געשטאַנען אַ הויכע ליפּע. איינמאָל, ווען חתן־כלה זיינען געזעסן אונטער דער ליפּע, רופט זיך אָפּ דער פּרינץ צו דער כלה אַזוי:

— הער, מיין ליבינקע, איך מוז אויף אַ קורצע צייט אַהיים אָפּפאָרן, איך וויל צו דער חתונה דעם פּאָטערס ברכה באַקומען, וואַרט אויף מיר אונטער דער ליפּע, גאָר אין גיכן וועל איך זיך צוריקקערן!

די כלה האָט אים אַ קוש געטאָן אין דער לינקער באַק און אָנגעזאָגט:

— גערענק זשע, טייערער! פאַרגעס ניט, וואָס דו האָסט מיר צוגעזאָגט, איך וועל אויף דיר וואַרטן דאָ אונטער דער ליפּע!

דאָס מיידל איז געזעסן אונטער דער ליפּע ביז פאַרנאַכט. דער חתן איז אָבער ניט געקומען... און דריי טעג איז זי אַזוי געזעסן פון אינדערפרי ביז ביינאַכט אונטער דער ליפּע, געוואַרט אויפן חתן — אָבער אַלץ אומזיסט.

און אַז ס'איז אַריבער דער פערטער טאָג און ער איז אויך ניט געקומען, האָט זי אַזוי געזאָגט: „געוויס האָט זיך מיט אים אַן אומגליק געטראָפן. איך וועל גיין אים זוכן און וועל צוריק ניט קומען, ביז וואַנען איך וועל אים ניט געפינען!" זי האָט מיט זיך גענומען די דריי בעסטע קליידער: איינע געוועבט מיט זילבערנע לבנות, די אַנדערע — מיט גאָלדענע זונען, די דריטע — מיט בריליאַנטענע שטערן; זי האָט אַיינגעבונדן אין אַ טיכל אַ הויפן טייערע שטיינער און איז אַוועק.

לאַנג לאַנג איז זי אַזוי געגאַנגען פון דאָרף צו דאָרף פון שטאָט צו שטאָט, און ביי אַלעמען נאָכגעפרעגט צי האָט ווער ניט געזען דעם חתן אירן. קיינער האָט אים אָבער ניט געזען, קיינער האָט פון אים ניט געהערט.

זי איז אויסגעגאַנגען אַ וועלט און האָט אים ניט געפונען.

דאַן האָט זי פאַר צרות באַהאַלטן די קליידער מיט די בריליאַנטן אונטער אַ שטיין און אַליין זיך פאַרדונגען ביי אַ פויער פאַר אַ פאַסטושקע.

## 7.

געווען איז ביי איר אין טשערעדע אַ קליין קעלבעלע. דאָס מיידל האָט עס שטאַרק ליב געקראָגן און שטענדיק פון האַנט עסן געגעבן.

דאָס קעלבל האָט זיך אויך זייער צוגעוויינט צום מיידל, אָפטמאָל פלעגט זיך דאָס מיידל ווענדן צום קעלבעלע מיט די דאָזיקע ווערטער:

— שטעל זיך אויף די קני, מיין קעלבעלע, ליב מיך און פאַרגעס מיך ניט ווי מיין חתן האָט מיך פאַרגעסן!

דאַן פלעגט זיך דאָס קעלבעלע שטעלן אויף די קני און לעקן ביי איר די הענט...

דאָס מיידל פלעגט אים אויך גלעטן און צערטלען.

און דערביי פאַרטראַכטן זיך, פאַרבענקען...

אַ לאַנגע צייט האָט זי אַזוי פאַרבראַכט אין עלנט און אומעט.

איינמאָל איז באַוואוסט געוואָרן אין דעם גאַנצן לאַנד, אַז ביי דעם קייסערס טאָכטער דאַרף זיין חתונה.

דער וועג אין הויפטשטאָט איז געגאַנגען דורך דעם דאָרף, וואו די פאַסטושקע האָט געוואוינט.

איינמאָל ווען זי האָט געטריבן די טשערעדע אַהיים, איז פאַרביי איר דורכגעפאָרן דער חתן.

אַ שטאָלצער איז ער געזעסן אויפן פערד און האָט אויף איר אפילו קיין קוק ניט געטאָן.

זי האָט אים אָבער באַלד דערקענט.

דאָס איז געווען איר חתן.

— אַך! האָט זי אויסגעשריען — ער האָט פאַרגעסן אָן מיר!...

און ווי אַ שאַרפער מעסער האָט איר אַ שטאָך געטאָן אין האַרצן.

אויף מאָרגן, ווען דער חתן איז ווידער דורכגעפאָרן פאַרביי איר, איז זי צוגעגאַנגען צום קעלבעלע און האָט אָנגעהויבן צו אים אַזוי צו ריידן: „קעלבעלע, קעלבעלע, שטעל זיך פאַר מיר אויף

די קני, ליב מיך און פאַרגעס מיך ניט, אַזוי ווי מיין חתן האָט מיך פאַרגעסן!״

דער חתן האָט דערהערט איר קול און האָט אָפּגעהאַלטן דעם פערד. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף דער פּאַסטושקע, האָט צו־געלייגט די האַנט צום שטערן, ווי ער האָלט זיך וועלן אָן עפּעס דערמאָנען.

נאָר באַלד האָט ער אַ שמיץ געטאָן דעם פערד און איז פאַרפאַלן געוואָרן.

— ער דערקענט מיך אַפילו ניט! — האָט זי אויסגעשריען מיט פאַרדרוס און איר צער איז געוואָרן נאָך גרעסער.

## 8

אין אַ קורצער צייט אַרום איז באַוואוסט געוואָרן אין גאַנצן לאַנד, אַז דער קייסער לאַדט אַלעמען איין אויף זיין טאָכטערס חתונה און אַז די שמחה וועט געדויערן דריי טעג.

— צום לעצטן מאָל וועל איך נאָך פּרווון דעם מזל! — האָט דאָס מיידל געטראַכט.

און אַז ס'איז געקומען די נאַכט פון דער חתונה, האָט זי אַרויסגענומען פון אונטער דעם שטיין די קלייד מיט די זילבערנע לבנות, האָט זיך אָנגעטאָן, זיך באַצירט מיט די טייערע שטיינער, און איז אַוועק אין שטאָט. אין דער פינסטער האָט איר קיינער ניט באַמערקט. אָבער אַז זי איז אַריין אין דעם העל באַלויכטענעם זאַל, זיינען אַלע אַנציקט געוואָרן פאַר איר שיינקייט. ווער זי איז, האָט קיינער ניט געוואוסט. דער פּרינץ איז איר אַרויס אַנטקעגן, נאָר ער האָט זי אויך ניט דערקענט.

אַ גאַנצן אָוונט האָט ער געטאַנצט מיט איר און גאָר פאַר־לאָזן יענע כלה, מיט וועלכער ער האָט געדאַרפט חתונה האָבן.

שפּעט בײַנאַכט איז די יתומה אומבאַמערקט אַרויס פון זאַל און ביז באַגינען געקומען צוריק אין דאָרף אַרײַן און ווידער געוואָרן אַ פּאַסטושקע.

אויפן צווייטן אָוונט האָט זי אָנגעטאָן די קלייד מיט די גאָלדענע זונען. אַז זי איז אַרײַן אין זאַל, האָבן זיך די געסט נאָך מערער געוואונדערט.

דער פּרינץ האָט ווידער געטאַנצט נאָר מיט איר אַליין. פאַרן אַוועקגיין האָט ער גענומען בײַ איר אַ וואָרט, אַז זי וועט קומען אויפן דריטן באַל אויך.

דעם דריטן אָוונט האָט זי געטראָגן אויף זיך די קלייד מיט די בריליאַנטענע שטערן, וואָס האָבן געבלאַנקט און געפינקלט בײַ יעדער באַוועגונג אירער.

דער פּרינץ האָט שוין לאַנג געוואַרט אויף איר און ווי נאָר ער האָט זי דערזען איז ער גלייך צו איר צוגעגאַנגען.

— זאָג מיר, ווער ביסטו! — האָט ער געפרעגט בײַ איר.

— דו געדענקסט שוין ניט ווי מיר האָבן זיך געזעגנט! — האָט זי אים געענטפערט און אַ קוש געגעבן אין דער לינקער באַק.

אין דער מינוט איז בײַם פּרינץ עפּעס אַזוי ווי פון די אויגן אַראָפּגעפאַלן און ער האָט גלייך דערקענט די אמתע כלה.

— קום! האָט ער געזאָגט צו איר — איך קען דאָ שוין מער ניט פאַרבלייבן.

און ער האָט זי גענומען פאַר דער האַנט און אַראָפּגעפירט אונטן. זיי האָבן זיך אַרײַנגעזעצט אין אַ קאַרעטע און ווי אַ ווינט אַוועקגעטראָגן זיך צום פאַרכישופטן פּאַלאַץ.

פון ווייטן האָבן שוין געשמייכלט צו זיי און גערופן זיי די העל=באַלויכטענע פענסטער.

און אַז זיי זיינען געפאָרן פאַרביי דער באַקאַנטער ליפּע, האָבן אויף אירע בלעטער אָנגעהויבן צו בלישטשען אַ סך אַ סך גליי־ווערימלאַך און די צווייגן—גענומען פריינדלאַך רוישן, באַגריסנדיק חתן=כלה מיטן זיסן דופטיקן ריח.

אויף די טרעפּ האָבן געבליט בלומען, פון די צימערן האָט זיך געריסן דער זיסער געזאַנג פון די זעלטענע פויגלען. אין זאַל זיינען שוין געשטאַנען אַלע הויפטלייט, וועלכע האָבן געוואַרט אויפן חתן מיט דער אמתער כלה.





דער פֿאַרלאַג „די נייע יידישע פֿאָלקסשול״ האָט שוין אַרויסגעגעבן פֿאָלגנדיקע ביכער:

## א) לערנביכער:

1. אילוסטרירטער אַריטמעטישער רעכנבוך (פֿאַרן 1-טן לערניאָר) באַאַרבעט לויט שטעקלין און אַנדערע פֿון ש. באַסטאָמסקי.
2. אַריטמעטישער רעכנבוך (ערשטער טויזנט) (3 אויפֿלאַגעס) פֿון ש. באַסטאַמסקי.
3. אַריטמעטישער רעכנבוך (כּלערליי צאָלן). (3 אויפֿלאַגעס) פֿון ש. באַסטאַמסקי
4. אַריטמעטישער רעכנבוך (ברוכצאָלן) (3 אויפֿלאַגעס) פֿון ש. באַסטאַמסקי און ל. הורוויץ מיט אַ ביילאַגע פֿון דער טערמינאָלאָגיע פֿון אַריטמעטיק. אויסגעאַרבעט פֿון אַ קאָמיסיע ביי דער ווילנער יידישער לערער-געזעלשאַפֿט.

## ב) ביכער פֿאַר קינדער:

צונויפֿגעשטעלט פֿון ש. באַסטאַמסקי.

פֿאַר ייִנגערע:

1) יעקעלע נאַר. 2) יודע דער וואַסערטרעגער און זיינע מעשיות. 3) מזל. 4) צוויי מתנות. 5–6 א) דער נס. ב) דער צדיק. 7) דער בוים און דער ווינט. 8) ייִנגל–צינגל. 9) די אמתע כּלה.

פֿאַר עלטערע:

1) פּריטיאָף נאַנסען און זיין רייזע צום צפֿונדיקן פּאָלוס (רייך אילוסטרירט). 2) אין דער נאַכט פֿונ׳ב דיקת חמץ 3) י. ל. פּרץ (זאַמלבוך).

## ג) מאַטעריאַל צום יידישן פֿאָלקלאָר:

1. יידישע פֿאָלקסרעטענישן. (2 אויפֿלאַגעס) געזאַמלט און דערקלערט פֿון ש. באַסטאַמסקי.
2. זאַמלונג פֿון יידישע שפּריכווערטער פֿאַר שול און פֿאַמיליע צונויפֿגעשטעלט פֿון ש. באַסטאַמסקי

---

מיט באַשטעלונגען זיך ווענדן לויטן אַדרעס: ווילנע סטעפֿנאַס 24 קוו. 28.